# אידען און די מלחמה

# (JEWS AND THE WAR.)

---

## פון גאבריעל קאסטא

## (by GABRIEL COSTA.)

---

מיט אַ איינלייטונג פֿון מר.

(with preface by)

## לעאפאלד דע ראטשיילד, ס.וו.א. ד.ל.

## (LEOPOLD DE ROTHSCHILD, C.V.O., D.L.)

---

ארויסגעגעבען פון צענטראלען קאמיטעט

(Issued by THE CENTRAL COMMITTEE)

פאר דער נאציאנאלער פאַטריאָטישער אָרגאַניזאַציע.

(For National Patriotic Organisations.)

# פאַרוואָרט.

איך ערפֿיל הערצליך מר. גאַבריעל קאָסטאַ׳ס ביטע צו שרייבען איינינע ווערטער אלס הקדמה צו דיזען פאַמפֿלעט. מר. קאָסטאַ האָט געגעבען א גלענצענדען אויסדרוק צו די סענטימענטען און געדאַנקען וועלכע האבען שוין, א חוץ דעם אינסטינקטיווען פאַטריאָטישען רוף, בעגייסטערט אזוי פֿיעל טויזענדער פֿון אונזער העלדישער יוגענד אין גרויס בריטאניא, פֿראַנקרייך און רוסלאנד זיך מוסר נפש צו זיין פֿאר די פֿערטיידיגונג פֿון רעכטע און גערעכטיגקייט און די פֿרייהייטען פון אייראָפּאַ. דיזע בעטראכטונגען קענען גאר ניט צו-אָפּט פֿאָרמולירט ווערען אדער צו שטארק בעטאָנט ווערען, זיי זענען פֿון דער ערשטער וויכטיגקייט פאר אזעלכע קליינע געמיינדעס ווי אונזערע, וואס קען ניר האבען א קיום דורך מאכען א ווידערשטאַנד געגען דעם צוריקפֿאַל צו׳ם אלגעמיינעם באַרבאַריזם פֿון וועלכען דייטשלאַנד האט זיך געמאכט דער אונבאַרימהאַרציגער אַדוואָקאַט. פֿאר די אידען אין ענגלאַנד איז גענוג דאס זיי קעמפֿען פֿאר ענגלאנד׳ס זאך—קעמפֿען פאר זייער טהייערען פֿאַטערלאַנד. און פֿאר אלץ וואַס פֿאַטערלאַנר בעדייט; אבער, עס זענען פֿאראַן אנדערע, סיי וואס געפֿינען זיך אין אונזערע טויערען און סיי אין נייטראלע לענדער, וועלכע זענען ניט מיט אונז, אין א נאציאנאלען זינן, און צו זיי איז דיזער פאַמפלעט ספעציעל אדרעסירט. איך האָף אז דאס וועט זיי העלפֿען פֿערשטעהן זייער חוב אלס אידען און וועט זיי בעוועגען זיך אָנצושליסען מיט אונז אין דער בעמיהונג צו פֿערטיידיגען אונגעשטערט די שוואכע, און צו רעכטפֿארטיגען יענע פרינציפען פֿון צדק און יושר פֿון מענשליכקייט און אינטערנאַציאָנאַלע עהרליכקייט, וואס זיי אלס אידען האבען אזוי פֿיעל גרינדע צו שעצען, און פֿון וועלכע זיי האבען נאך אזוי פֿיעל צו האָפֿען.

לעאפאלד דע ראטשילד,

5 האמילטאן טערעס,

13טען מאי 1915

# אידען אין דער מלחמה.

## פון גבריאל קאסטא.

דער נורל פון כל ישראל איז ענג צונויפגעבונדען מיט דעם טיטאנישען קאמפף וואס קומט איצט פֿאָר אויף דיא שלאכט פֿעלדער פֿון אייראפּא. עס זענען שוין געווען מלחמות וועלכע האבען אויף דורות בעאיינפֿלוסט דער אידישער צוקונפֿט—געשעהניסען וועלכע זענען צו זייער צייט געווען פֿער־רעכענט אלס אונפֿערגלייכליכע קאטעסטראפֿעס. אבער אין פֿערגלייך מיט דיזען ריעזען קאמפף פֿאַר אויבערמאכט, דיזען מעכטיגען שטרייט צו פֿער־טיידיגען קליינע נאציאָנען, די פֿאָלגען פון וועלכע מוזען ענטשיידען די צוקונפֿט פֿון ציוויליזאַציאָן, ווערען יענע אלע פֿריהערדיגע פּאַסירונגען אונבעדייטונגספֿאָל.

זינט דעם חורבן פֿון ירושלים זענען קיינמאָל אין דער געשיכטע ניט געשטאנען אזוי פֿיעל אידען אויפֿ׳ן שלאכטפֿעלד ווי איצט. א האלב מיליאָן איז אַ מעסיגע אבשאצונג פֿון די אידען וואס קעמפֿען אין דעם איצטיגען קריעג. קיין פאסירונג אין דער וועלט האַט צווישען אידען ניט ארויסגערופֿען אזא אינטענסיווע אינטערעסע ווי דאס איבער־אנדערסען פֿון דער לאַנד קאַרטע ביי דעם קומענדען יום המשפט פֿון נאַציאָנען. אויפֿ׳ן אידישען האָרי־זאָנט שוועבען אויסזיכטען פֿון גרויסע ענדערונגען אין טעריטאָריעס און נאַציאָנען.— ענדערונגען וועלכע די היציגסטע אפטאמיסטען פֿון דער אידישער פּראָבלעמע האבען געקוקט אויף דעם ניט מעהר ווי אויף א נארישען חלום. דער אידישער שיקזאל האלט זיך ביים ענדערען, וועט די ענדערונג זיין צום גוטען אדער ח״ו צום שלעכטען ? די פֿראגע הענגט אב אויפֿ׳ן ערפֿאָלג פֿון די פֿערבינדעטע מלכות.

## די אידען אין ענגלאנד.

פֿעהיגערע שרייבער האבען שוין ערקלערט פֿאר וואָס ענגלאנד איז ארויס אויף מלחמה. זיי האבען אויפֿגעוויזען ווי אזוי די פֿרייהייטס ליבענדע ענגלאנד בעשיצערין פֿון אונטערדריקטע,—נאציאָנען ווי אינדיווידיועלע, האָט מיט אלע כחות געשטרעבט פֿאר שלום. ווארום זי האט גוט געוואוסט אז איין פֿאלשער צוג פֿון איהר זייט קען פֿערשלעפען דער גאַנצער וועלט אין כף־הקל—פֿון פֿערניכטונג. מיט אלע קרעפֿטען האט ענגלאנד זיך געראנגעלט פֿאר פֿריעדען. אבער איהר מיה איז גיוועון אומזיסט. דייטשלאנד האַט ענט־

שלאסען פֿאר מלחמה. זי האט ניט אנדערס געוואָלט ווי קריעגען די איבערמאכט אין אייראָפּא דורך א פֿערמעסטונג אויפ'ן שלאכטפֿעלד.

מיר בעגרייפֿען אין פֿולען די ביטערע טראגעדיע וואָס איין אידען קומט אויס צו קעמפּפֿען געגען צווייטען; וואס אלע ערהאבענע געדאַנקען און אידעאַלען וועגען אחדות פֿונ'ם אידישען פֿאָלק ווערען אוועקגעווארפֿען צו'ם ווינד אין דער איצטיגער צייט ווען דער שווערד רעגיערט. אבער צו אונז אידען וואס האבען געלעבט אין די גרעניצען פֿון דער ענגלישער קעניג-רייך בשלום ושלוה, וואו מיר האבען גענאסען פֿרייהייט אין ברייטעסטען זינן, וואו מיר האבען פֿאר פֿיעל גליקליכע טעג גענאסען די פֿרוכט פֿון גע-רעכטיגקייט און טאלעראנץ—פֿאר אונז שיינט עס אז נעמענדיג אין אַנבע-טראכט דיא פרינציפּען וועלכע זענען אין געפֿאהר, זענען די קרבנות וואס ענגלאנד ברענגט אין די פֿלאנדערען אונפֿערמיידליך.

די זאך איז א גערעכטע, ענגלאנד האט אנדערס ניט געקענט ווי בע-שטראָפֿען דאָס בארבארישע נאציאָן וואס האָט מוטהוויליג איבערטרעטען דעם אבמאך צו רעספעקטירען די נייטראליטעט פֿון א קלענערע מדינה, און האט הארצלאז געטראמפעלט אויף א שעהן פֿרעהליכע לאנד וואָס האט העלדיש פרובירט צו פֿערשטעלען דעם וועג. דער ענגלישער איד וואלט זיין א קנאפער מענש ווען ער זאל ניט זיין אין פֿולער צושטימונג מיט זיין מלוכה'ס ארויסטריט צו פֿערטיידיגען א פרינציפּ וואס איז דער יסוד און די ישועה פֿון די קלענערע און שוואכערע נאציאנען. פֿאר צוויי הונדערט יאהר איז ענגלאנד געוועזען א אמת'ע היים פֿאר די גערודפֿ'טע, א האַפֿען פֿאר די אונטערדריקטע אידען, א גאלדענע לאנד פֿון האָפֿנונג און גליק אין די גרעניצען פֿון וועלכע ער האט געקענט שטייגען צו הויכקייט אויף וועלכע ער האט ניט געטרוימט. דער איד איז געלאפֿען קיין ענגלאנד פֿון די שרעקליכע אינקוויזיציע פֿייערען און געפֿונען רוהה און זיכערקייט אויף דיזען אינזעל, און ענגלאנד האט איהם ניט אבגענארט. ער איז דא געקומען אן אָרעמער אימיגראנט, מיט דעם צייכען פֿון "געהעטטאָ" און "מעלאה" אויף איהם, און ער האט דאָ געפֿונען א היים, וואו ער מאכט א לעבען—גאנץ אָפֿט זאגאר געשטיגען צו גרויס עשירות און כבוד, וואו זיינע קינדער נעמען א טהייל צווישען דיא ראטהגעבער פֿון דער מלוכה.

ווי אין אמעריקא—דאס לאנד וואָס איז גליקליכערווייזע פֿריי פֿון די שרעקען פֿון דעם קריעג, נור צוגעבונדען צו די ענגלענדער דורך דעם אונ-פֿונאנדערלאָזענדען בונד פֿון בלוט און ליעבע—ליידעט דער איד ניט אין ענגלאנד פֿון קיין זארט אויסגעשלאסענקייט, געזעלשאפֿטליך אָדער געזעצליך.

ער האט די אלע רעכטען וואס די אנדערע בירגער געניסען! קיין געשעפֿט אדער פראָפֿעסיאָן איז פֿאר איהם ניט פֿערמאכט, ווען עמיצער זאל שטודירען די געגענווארטיגע געשיכטען פֿון דיזער און אנדערע לענדער, וועט זיך היכף ארויסווייזען אז אין ענגלאנד וויינינגער ווי אין אנדערע לענדער איז דער איד געשטערט געווארען פֿון דערגרייכען די אלע הויכע פאָזיציעס פֿון כבוד און פֿעראנטוואָרטליכקייט, דאס קינד פֿון דעם "גהעטטאָ אידען" קען פֿון דער איסטענדער סקוהל דערגרייכען דעם העכסטען קאַריער אין די אוניווערסי־טעטין, און טהוט עס טאקע. ניט זיין ראַסע און ניט זיין נידעריגע משפחה האבען א בעטרעף אין דיזער דעמאָקראטישער מדינה, וואס אכטעט אינטע־לעגענץ צו דאס קומט פֿון מייל-ענד אדער פֿון אריסטאָקראטישע געגענרען.

## זייער שטיצע פאר דער ענגלישער זאך.

דער ענגלישער איד איז צונויפֿגעבונדען מיט די אינטערעסען פֿון דיזען פֿרייהייטס ליבענדען לאנד, ענגלאנד׳ס זאך איז זיין זאך, זיין ליעבע און זיין דאנקבארקייט—מיט דעם האט ער בעצאהלט פֿאר די פריווילעגיעס וואס ער האט אזוי לאנג גענאָסען, און איצט האט ער אויך גערען געגעבען זיין יוגענד צו די דינסטען פֿון לאנד. איינגעוואנדערטע און געבאָרענע אידען אין ענגלאנד, א פֿערטעל מיליאָן אין אלעמען, גיבען זייער מאָראלע אדער מאַטריאלע שטיצע צו די פֿערבינדעטע מלוכות. ווידער פֿלאקערט אין זייערע הערצער דער קריעגערשער פֿייער פֿון די מאקאביער.

דער בכור פֿון דעם ארעמען גהעטטאָ-אידען צוגלייך מיט׳ן יורש פֿון דעם רייכען מאגנאט האבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער ארמעע. דער גרויסער באנקיר איז געווארען א פראסטער סאָלדאט; און די בלומען פֿון דער אידישער יוגענד האט זיך פֿערזאַמעלט אויף די שלאכטפֿעלדער צו צייגען די ליעבע וואס זיי טראגען צום לאנד וואָס איז געווען זייער אלץ און אלעס פֿאר זיי און זייער׳ס. זיי צייגען אויך ווי אונווירדיג דאס איז פֿאר אידען דער פרינציפּ אז "מאכט איז רעכט," און טהוען זייער חלק צו בעפֿרייען דער וועלט פֿון דער שרעקליכער קללה פֿון מיליטעריזם, וואס סטראשעט דער וועלט ווי א בעזער גייסט פֿון וועלכען מ׳קען זיך ניט אָבשאָקלען. איין איד האט געוואונען דעם "וויקטאָריא אָרדען" נאך וועלכען אלע יאָגען זיך; דער טהאט וואס האט געקאָסט דעם. העלדישען סאָלדאט זיין לעבען וועט לעבען אזוי לאנג ווי דער איד וועט עקזיסטירען, אזוי לאנג ווי עס וועט אָבהולכען דער קלינגענדער רוף פֿון דעם טשיף ראבי; —

אין דיזען ערנסטען קריזיס וואָס אונזער נאציאָן איבערלעבט, ווען אונזער בעליעבטעס לאנד רופט איהרע קינדער צו קעמפפֿען פֿאר א גערעכטער זאך, בין

איך זיכער אז אלע מיינע אידישע ברידער וועלען בעגרייפֿען דעם גרויסען פפליכט פֿון מאמענט. נאכאמאל וועלען מיר בעווייזען אז דער גייסט פֿון די מאקאביער לעבט נאָך אין אונז. מיר וועלען געבען אונזערע לעבענס צו בעשיצען ענגלאנד׳ס אידעאלען פֿון גערעכטיגקייט און מענשליכקייט. מיר וועלען פֿאָרטזעצען זיך אנשליסען אַן דער ארמייע פֿון אונזער קעניג אין פערגרעסערטע צאהלען.״

## דיא אידען א פֿריעדליך פאלק.

פֿון אלע ווייטע ווינקעלן פֿון קעניגרייך האבען אידען וואס זענען בטבע א פֿריעדענס-ליבענדע נאַציאָן, אָבגעענטפֿערט אויפֿ׳ן מלחמה רוף. פֿריעדען איז די אידישע מיסיאָן, דאַס איז א וויכטיגער טהייל פֿון זיין רעליגיאָן, איינער פֿון זיינע הויפט פרינציפען אין לעבען; פֿאר בענאַה פֿערציג יאָהר הונדערט איז דעם אידען׳ס פּאַראָל ״שלום עליכם.״ ער קומט פֿון א ראסע וועלכע מוזען אנערקענט ווערען אלס די גרעסטע פאסיפֿיציסטען אין דער וועלט, א ראסע ביי וועלכער דאס מענשליכעס לעבען איז תמיד הייליג.

דער אידישער פֿאלק האָט שטענדיג געשטרעבט פֿאר פֿריעדען אָבוואָהל מען געפֿינט ניט אין דער געשיכטע אז ער זאָל צייגערען פֿון מסירת נפֿש אוואו עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א פרינציפּ. א אידישער שאָוואניסט איז א זעלטענקייט, דעם אידען׳ס גרעסטער גליק אין לעבען איז שלום און די איינפֿאכע בעקוועמהייטען אין זיין היים.

אבער עס קומט א צייט—אזא צייט איז געקומען—ווען דער שווערד מוז געצויגען ווערען פֿון שייד, ווען ברודער מוז קעמפֿפֿען געגען ברודער, ווען א ביטערע מלחמה מוז געפֿיהרט ווערען מיט ענערגיע בכדי שלום זאל ענטשטעהן אין דער ניט ווייטער צוקונפֿט. וואָרום די מאכט פֿון אונזערע מעכטיגע שונאים מוז אויף שטענדיג געבראכען ווערען אום צו צושמעטערען זייערע חוצפה׳דיגע חלומות פֿון א וועלט־הערשאפֿט.

## פאר וואס זייא זיינען צוגעשטאנען צו דער מלחמה.

פֿארוואָס האָט דער ענגלישער איד פֿון זיין אייגענעם פֿרייען ווילען איבערגעלאָזט זיין מאשין און זיין בענקעל, זיין פאלאצליכע היים און זיינע גיטער און צוגעשטאַנען צו דער מלחמה? אין זיינע אויגען איז דאָך הייליג דאָס לעבען פֿון א מענשען. ער וואָלט דאָך געווים בעסער וועלען אז איידער צו בענוצען מלחמה כלי-זיין זאָלען אינטערנאַציאָנאַלע סכסוכים בעסער ער-ליידיגט ווערען דורך פֿריעדליכע פשרות. ווי דען קומט עס וואָס דער איד האָט גענומען דעם ביקס אויף די פלייצעס און אָהן שהיות און פֿראַגען האָט ער איבערגעלאָזען זיין משפחה, צו וועלכער ער איז אַזוי צוגעטוהן, אַזוי

הערליך שעהן צוגעבונדען—וויא קומט עס וואָס ער האָט זיך געשטאַרקט איבער דיזע געפיהלען און געגאַנגען צום שלאַכטפעלד? וואָרום?

ווייל דער רוף איז געווען אַ רוף צו פרייהייט, ווייל דער איד בעגרייפט אַז זינט זיינע טעג ווען ער איז געווען אונטערדריקט פון מעכטיגע מצרים איז קיינמאָל אין דער געשיכטע ניט געווען אזאַ געלעגענהייט צו בעפרייען דער מענשהייט פון דעם מעכטיגסטען איינפלוס פאר שלעכטעס וויא דיזע געלעגענהייט.

קומענדיג פון אַ ראַסע פון דענקערס פערשטעהט דער איד אַז ענגלאַנד האָט ניט געקענט צוריקבלייבען, אז אויב זי האָט ניט געוואָלט טראָגען דעם אויביגען שאַנד צייכען אויף איהר שטערען האָט זי געמוזט קומען און ערפיהלען איהר חוב. טריי, איבערגעבען שטעהט דער איד און ניט־איד זייט ביי זייט אין דינסט פון זייער לאַנד פאַר וועלכער זיי קעמפפען און אויב נויטיג צו שטארבען פאַר דעם. דעם אידען׳ס פלייסיגקייט האָט אין אַ גרויסער מאס געהאָלפען פערפאָלקאָמען אַלץ וואס איז נעטהיג פאר׳ן סאָלדאַט אויפ׳ן שלאַכטפעלד. אין וואָרקשאָפּ אין פאַבריק האָט ער געדיענט די אינטערעסען פון זיין לאַנד, א דינסט ניט ווייניגער אנגעזעהן ווי די צעהן טויזענד פון זיינע ברידער וואס מאַרשירען צום טויט אדער צום זיעג. אויב מאכען האַרמאַטען ווירקען, קען מען אבער אויך אָהן נייא מאשינען ניט אויסקומען.

אַז דאָס איז אַ זאַך פון לעבען אָדער טויט פאַר אונזער בעליבטער היים; אַז ענגלאַנד האָט אַלץ איינגעשטעלט אין די וואָג-שאָלען מיט איהר ענטפער אויף דער דייטשער חוצפה און אַלץ וואָס פון דעם קומט אַרויס—דאָס ווייסען מיר אַלע. און די גערעכטיגקייט פון איהר זאַך האָט יעדען און אלעמען פון אונז צוגעגעבען האַרץ, האָט פערשטייפט אונזער ענטשלוס אז מיר מוזען געווינען—און מיר וועלען געווינען. מיר ווייסען גאַנץ גוט אז ענגלאנד איז ניט אריינגעצויגען געוואָרען אין דיזען קריעג דורך מאטריאלע מאָטיוון, ניט דורך דיא לוסט פון מאכט, אויך ניט צוליעב א זינלאָזיגער בענקעניש צו קריגען מעהר טעריטאָריע. זי האָט אויסגעשטרעקט איהר רעכטען אַרעם צו פערטיידיגען אַ קליינע צובייזלטע און פערוואונדעטע נאַציאָן. און זי איז בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין פאר די ליידען פון דער דאָזיגער נאַציאָן.

## האפנונג פאר דיא אידען אין רוסלאנד.

ראַסע און אמונה איז אָבגעשטופט געוואָרען אָן אַ זייט. און אָבגערוקט האָט מען אויך, אויב ניט אין גאַנצען פערגעסען, די פראַגען וועגען דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד. ס׳איז קלאָר אַז אויב דער רעזולטאַט פון דיזען קאָנפליקט וועט זיין א גינסטיגער און אַ גרויסער זאַך, און וועט בעפרייט ווערען פון דער

מיליטעריסטעשער סכנה וואָס האָט אַזוי לאַנג געשוועבט איבער איהר, דאַן מוז אַ העלערער טאָג קומען פֿאַר די איינוואָהנער פֿון דעם תחום אין רוסלאַנד. ס'איז אונבעגרייפֿעליך אַז נאָכדעם ווי רוסלאַנד איז פֿערבונדען מיט לענדער וועלכע זענען דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פֿון דעמאָקראַטיזם, זאָל זי אונטער־שיידען צווישען אידען און ניט־אידען.

און אָט דערפֿאַר קוקען אויס די אידען פֿון דער גאַנצער וועלט אויפֿ'ן רעזולטאַט פֿון דיזען קאַמפֿף, די אויסגאַנגען פֿון וועלכע זענען פֿון אונגעהויער־ער וויכטיגקייט. אויב עס וועט געהן כשורה מיט די פֿערבינדעטע דאַן איז מעגליך אַז פּראָבלעמען וועלכע האָבען פֿאַר דורות לאַנג געפּלאָגט די אידישע מאַסטער-מחות וועלען געפֿינען אַ ענדגילטיגע און צופֿרידענשטעלענדע לייזונג: דער גאַנג פֿון די געשעהניסען מאַכט גלויבען אַז די אויסזיכט איז בעשטימט האָפֿנונגספֿאָל.

## בעלגישע אידען אין ענגלאנד.

אונטערדעסען וואוינען דאָ אין אונזערע טויערען טויזענדער אַנטרונענע אידען פֿון דער צורויבטער בעלגיען, קרבנות פֿון דעם "מלחמה לאָרד" (קייזער ווילהעלם) וואָס האָט געבראָכען דעם אָבמאַך; די אונשולדיגע וועלכע זיינען געטראָפֿען געוואָרען פֿון די פּרייסען וועלכע האָבען יאָהרען לאַנג געפּרעדיגט די לעהרעס פֿון מיליטעריזם אין גראבע מאַכט, און אין וועמעס אויגען די רעכטע פֿון נייטראַלע נאַציאָנען האָבען קיין ווערטה ניט, אויב זיי פּרובירען זיך נור אַנטקעגען שטעלען פּלאַנען פֿון אָנפֿאַלען און פֿערזובען צו בעהערשען.

דא פֿערבלייבען זיי. מענער און פֿרויען וועלכע האָבען געלעבט אין בעקוועמע אומשטענדען זענען איצט פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין בעטלער, לעבען פֿון די גערען־געגעבענע צדקה פֿון זייערע ברידער, ס'איז שווער זיך פֿאָר־צושטעלען אַז די טראַגישע פּאַסירונגען פֿון וועלכע זיי זענען די קרבנות זאָל האָבען פּאַסירט אין אַצייט פֿון אַזוי גערופֿענע פּראָגרעס און אויפֿקלערונג; דאָס רייכע שטעדט און שמייכלענדע דערפֿער זאָלען ווערען רואינען דורך די קאַנאָנען, זאָלען פֿערוואַנדעלט ווערען אין וויסטעניסען. מיר וועלכע זענען פֿערשטומט געוואָרען פֿון דיזע אַלע שרעקליכע זינד, האָבען גאָר לכתחילה ניט געקענט בעגרייפֿען די אמת'ע בעדייטונג פֿון דער לעהרע פֿון ברוטאַלע מאַכט וואָס איז אַזוי גוט אויסגעטייטשט געוואָרען פֿון בערנהאַרדי.

אַלס אַ מלחמה צו בעפֿרייען די קלענערע נאַציאָנאַליטעטען מוז דיזער קאַמפֿף ארויסברענגען ניט קיין קליינע פֿאָלגען. צו אונזערע ברידער און אונזערע פֿריינד אין נייטראַלע לענדער—די נייטראַליטעט וועלכע ענגלאַנד

האָט ניט איינמאָל פֿערטיידיגט—איז דער פאַן גערמאַניזם די גרעסטע געפֿאַהר. דער שיקזאַל פֿון בעלגיען בעווייזט עס.

אין בעלגיען האָבען די אידען געפֿונען מנוחה און האָבען דאָרט געלעבט אונגעשטערט און געוואַקסען פֿון זייער אונטערנעמונג. דאַן אין איין נאַכט איז געקומען צו שוועבען איבער איהם דער מלאך המות און האָט פֿון אַלץ געמאַכט אַ באַרג אַש. אין זיין קריטישער לאַגע, זיך געפֿינענדיג בין המצרים, זענען זיינע געדאַנקען געפֿלויגען קיין ענגלאַנד. ער האָט געלאַנדעט אויף דיזע גאַסט־פֿריינדליכע ברעגעס, און דאָ בלייבט ער ביז גליקליכערע טעג וועלען קומען.

## דייטשער אנטיסעמיטזם.

מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען אַז מיר קעמפּפֿען געגען דער דייטשלאַנד וואָס האָט פֿערפֿלאַנצט און ערמוטיגט דעם אַנטיסעמיטיזם, דאָ וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז א צווייג פֿון איהר מיליטעריסטישען פֿאַבריק, מיר קעמפּפֿען געגען דעם פּרייסישען דייטשלאַנד פֿאַר א בעסערע דייטשלאַנד, פֿאַר דער דייטשלאַנד פֿון קאַנט און לעסינג, געטהע און שילער, דאָס וויגעלע פֿון פּאָעטען און אידעאַליסטען, די אַרבייט פֿון וועלכע האָבען פֿעררייכערט דער קולטור—קולטור אין ריכטיגסטען זינן פֿון וואָרט. מיר קעמפּפען פֿאַר דער אַמאָליגער דייטשלאַנד, וואָס האָט איצט אָנגעוואָרען דעם זכות זיך צו רעכענען צווישען ציוויליזירטע נאַציאָנען.

דער איד טראָגט ניט קיין שנאה געגען דייטשלאַנד, זינגט ניט קיין קינדערשע לידליך פֿון אויביגע נקמה געגען דעם שונא פֿון זיין לאַנד. אַבער דער איד בעגרייפֿט וואָס דאס מיינט ווען דער "מלחמה לאָרד," דער הערשער פֿון אַ נאַציאָן וואָס איז געלערנט צו בעטראַכטען מאַכט אַלס דעם וויכטיגסטען וואָרט אין ווערטערבוך, זאָל טריאומפֿירען. מע ווייסט גאַנץ גוט אַז אויב דער פּרייסישער מיליטעריזם וועט קריעגען די וועלט—מאַכט, דאַן וועט דער אַנטיסעמיטיזם וואָס איז אַ פּראָדוקט פֿון דער אזוי גערופֿענער קולטור, פֿער־שטאַרקט ווערען ביז דער העכסטער מדרגה. אַנטיסעמיטיזם איז געשטאַנען אַם העכסטען נאָך דעם פֿראַנצויזיש—דייטשען קריעג, ווען די זינלאָזע פֿאָר־אורטיילע פֿון דער מיליטערישער פּאַרטיי האָט זיך געצייגט אַזוי קרעפֿטיג, ווען דער חרם וואָס איז געלייגט געוואָרען אויף אידישע אָפּיצירען און איז אַרונטערגענומען געוואָרען אין דער צייט פֿון מלחמה, איז דערנאָך ווידער איינגעפֿיהרט געוואָרען מיט פֿערשטאַרקטער קראַפֿט.

די געזעלשאַפֿטליכע אויסשליסונג פֿון דעם אידען אין דייטשלאַנד, אַ דאַנק דעם שטילען איינפֿלוס וואָס אַרבייט הינטערען טהראָן, זענען די לעצטע

יאָהרען געוואָרען שטאַרקער אַנשטאָט שוואַכער, די בעציהונגען צווישען איד און ניט־איד, און זאָגאַר די געשעפּטליכע בעציהונגען צווישען אידען און ניט אידען זענען ניט אַם בעסטען. דער מליץ יושר פֿון פּרייסישע מיסהאַנדלונגען גראַף פֿאָן בערענסדאָרף, האָט פֿערזיכערט דער נויאָרקער שטאַאטסצייטונג אז (*) "נאָך דער מלחמה וועט די פֿיינדשאַפֿט צו אידען אין גאַנצען פֿערשווינדען; ערשטענס דערפֿאַר ווייל די וועלט וועט ווערען דעמאָקראַטישער, און צווייטענס ווייל דער דייטשער פֿאָלק איז איצט איבערצייגט אין דער לאָיאַליטעט פֿון די דייטשע אידען צום קעניגרייך און פֿון דער עהרליכער ראָליע וואָס זיי שפּילען אין דעם איצטיגען קריעג."

דער דייטשער פֿאָלק איז דוכט זיך געווען ניט וויניגער איבערצייגט אין אידישער טרייקייט און איבערגעבענקייט בעת דעם פֿראַנצויזיש—פּרייסישען קריעג. פֿאַר וואָס אַלזאָ זאָל מען גלויבען אַז איצט וועלען זיי בעסער בעלוינט ווערען פֿאַר זייער לאָיאַליטעט. אין משך פֿון דעם פּראָגרעס פֿון דער מלחמה האָט דייטשלאַנד שוין געהאַט גענוג געלעגענהייט צו פֿעררירכטען איהר סיסטעמאַטישע אונטאָלעראַנץ. דאָך אין דעם פֿלוג-בלאַט (*) ("דער פּרייז פֿון זיעג) פֿון אַדאָלף באַרטעלס, בערלין, זאָגט דער פֿערפֿאַסער פֿאָלגענדעס;—

"איך מוז ערקלערען אַז די אידישע פֿראַגע בלייבט, און אפֿשר וועט עס "נאָך דורך דער מלחמה פֿערשאַרפֿט ווערען. די אידען זענען אַ פֿרעמד פֿאָלק, "און זענען אונזערע געגנער אין פֿראַנקרייך, רוסלאנד און ענגלאַנד, צוזאַמען "מיט אַלע זייערע מיטלען וואָס זיי בעזיצען."

## דער סוף נאהנט.

דער איד אין ענגלאַנד וויס פֿאַר וואָס ער קעמפּפֿט. ער האָט אַ אינסטינקטיווען האַס פֿאַר אַלץ וואָס מיליטעריזם און יונקעריזם שטעהט. די ברוטאַלע באָמבאַדירונג פֿון אונפֿערטיידיגטע שטעדט, די רציחות אויפֿ'ן ים, דאָס שפּריצען ברענענדע נאַפֿט אויפֿ'ן שלאַכטפֿעלד, דאָס געברויכען פֿערגיפֿטעטע גאַז, דאָס פֿער'סמ'ען די ברונימער (אין אַפֿריקאַ)—דיזע אַלע אונמענשליכע טהאַטען רופֿען אַרויס געפֿיהלען פֿון שרעק און האַס ביים אידען.

דער שיקזאַל פֿון אידען, ווי פֿון אַנדערע קליינע פֿעלקער אין אייראָפּאַ, וועט אויף דורות לאַנג פֿערזיגעלט ווערען דורך די פֿאָלגען פֿון דיזען קריעג. אויב דייטשלאַנד טריאומפֿירט —! אָבער דייטשלאַנד טהאָר ניט זיעגען. ס'איז אונדענקבאַר. רעכט און גערעכטיגקייט מוזען שליסליך מנצח זיין.

* ציטירט פון אמעריקאן היברו.

* גענומען פון הארפורס וויקלי.

דאַן וועט די לאנגע פינסטערע נאַכט פערשווינדען און דער העלער טאָג וועט ברייננגען האפנונגען, און דער אידישער אידעאַל פון פרייהייט און פריעדען וועט פערווירקליכט ווערען און גערעכטיגקייט און גלייכהייט וועט ווידער הערשען צווישען פעלקער. דאַן וועט אַ צופליקטע נאַציאָן ווידער אויפבויען איהר אַמאַליגער שעהן לאַנד, גליקליך אין דעם בעוואוסט זיין אַז פונ׳ם פייער פון די אַלע צרות איז ארויסגעקומען א גליקליכער צייט, נאָך וועלכער די מענשהייט האָט געבענקט זינט ישעיה הנביא.

ניט אומזיסט וועט דער איד דער האָבען אויסגעשטאַנען די אַלע רדיפות אויב ער וועט זוכה זיין צו זעהן דעם דאָזיגען מאָרגען פון דער וועלט געשיכטע, און וועט קענען נעמען א חלק אין די פאַרמירונג פון דער צוקונפט ווען דאָס שטרעבונג פאר פריעדען און ברידערשאפט וועט פערווירקליכט ווערען.

געדרוקט בייא אַ. וו. ראבינאוויטש, 91, הייא סטריט, ווייטשעפעל.